מלכה חפץ טוזמאַן

# אונטער דײַן צייכן

לידער




פאַרלאַג „ישׂראל-בוך"
תל־אביב, תשל"ד — 1974

**MALKA HEIFETZ TUSSMAN**

**UNDER YOUR SIGN**

POEMS

Publishing-House Israel-Book, Tel-Aviv
P. O. B. 1777

מלכה חפץ טוזמאַן

אונטער דײַן צייכן

לידער

פאַרלאַג „ישראל־בוך", תל־אביב, איתמר בן־אבי 4

Printed in Israel 1974 נדפס בישראל



דפוס „להב", ת"א, המסגר 60

# עפּן די טאָוולען

עפּן די טאָוולען פון
אַ לידער־בוך.
לאָז אַרײַן אַהין
אַ ביסל ליכט.
זאָלן ווערטער אין דער פינצטער
ניט אַליינען.

לידער זײַנען קינדער:
זיי האָבן מורא אין דער פינצטער
און
זיי וויינען.

# בײַם קוואַל

אַ לעבן לאַנג
פֿון די כּוחות זיך אַרויסגעשלאָגן
און
נאָר אויף אַ שפּעלטעלע אַראָפּגערוקט
דעם שטיין פֿון קוואַל
וואָס אין פֿינצטער
לויטער
האָט געלויטערט
און איצט
ווען ס'האָט אַרײַנגעבליקט אַהין
אַ שטערן
ווייס איך שוין דעם טעם פֿון
מאָרגנדיקע טרערן.

## קליינע לידער

מײַנע קליינע לידער
האָבן
גרויסע מײַלער
אָט
זיי װעלן באַלד מיך
אײַנשלינגען.

## דײַן העמד

ליב איז מיר אַרויפֿציִען אויף זיך
דאָס מענער־העמדל —
וויקלען זיך און וואַרעמען
אין דײַן הימל־בלאָען העמד.

הײַנט בײַם טיש:
מײַן רעכטע האַנט
האָט אַ סענדוויטש געהאַלטן —
ביז נאָך ביז פֿאַמעלעכקע צום מויל דערלאַנגט
בעת מײַנע אויגן
געגלעט האָבן די ריטמען אין אַן אָפֿן בוך.

מײַן צופֿעליקער אויגנבליק דערבליקט
צוקאָפּנס פֿונעם ספֿר
דײַן לינקע האַנט זיך ווײַסן
פֿון ווייכנקן מאַנקעט —
אַזאַ ווייכיקייט געטרײַע רונד אַרום געלענק.
די פֿינגער דײַנע —
לויט דײַן מידה
מנוחהדיק גערוט האָבן בײַם גאָלד־געלייש פֿון ספֿר.
באַלד
מײַן פּנים אויך
האָט פֿאַרצויגן זיך אין אַ תּנועה דײַנער,
און איך
בין מאָדנע אָנגעטאָן געווען
אין דיר —
אויף אַ ווײַלינקע אין גאַנצן אָנגעטאָן געווען
אין דיר —
אין הימל־בלאָ פֿון העמד.

## לעצטער עפּל

„כ׳בין דער לעצטער עפּל
וואָס פֿאַלט אַראָפּ פֿון בוים און
קיינער הייבט ניט אויף.
קיינער הייבט ניט אויף״.

איך קני אַראָפּ צום ריח
פֿון דעם לעצטן עפּל
וואָס פֿאַלט אַראָפּ פֿון בוים
און
איך הייב אויף.
א י ך  ה י י ב  א ו י ף !

אין מײַנע הענט
דער בוים.
אין מײַנע הענט
דער בלאַט.
אין מײַנע הענט
דער צוויט
און
אין מײַנע הענט די ערד
וואָס קושט דעם עפּל
וואָס קיינער הייבט ניט אויף.

## איך ווייס ניט דײַנע וועגן

איך ווייס ניט דײַנע וועגן.
אַ זונפֿאַרגאַנג איז מיר
אַ גאָטפֿאַרגאַנג.
ווּהין
פֿאַרגייסטו, גאָט ?
נעם מיך מיט אויב
אין אָט דער „מיט"
איז ליכטיק, גאָט.

איך האָב מורא אין דער פֿינצטער.

# צו ירושלים

איך שנאַפּ
כ׳גיי נאָך
ווי אַ שפּיר־הונט
דײַן ריח

כ׳האַלט וואַך זיך
אַלע באַגינענס
כּדי צו דערשפּירן,
באַנעמען
דײַן אָטעם
אויף מײַנע ברעמען

דעם אָטעם
פון דײַן פאַרטאָגיקן דרויסן
איידער די רידלען
איידער די מאַסן
איידער
די אויטאָבוסן

ירושלים, יולי 1972

# קליינע יודעלעך

פאַר מאַרשאַ

ניט האַלט זיך אָפּ פון
פאַרשרײַבן קליינקייטן.

מיט קליינקייטן ביחידות
עוסקן זיך גרויסקייטן.

קליינקייטן
באַוועגן גרויסע גרויסקייטן.

מיט דרך־ארץ, מיט ליבשאַפט איך דערמאָן
ווינסענט ווילסאָן מײַן פּראָפעסאָר.
„ביבל" איז געווען זײַן ליב און לעבן.
הויך איז ער געווען און ברייטלעך,
אויגן — גרויסע, גרויע, ווייכע,
ווי קוועלעכלעך לויטערע.

זײַן גרויסע האַנט אָנגעשריבן האָט
אַ קליינעם יוד אויפן שוואַרצן טאָוול.
דאָס איז, האָט ער געזאָגט, אַן אות,
אין „היברו אַלפאַבעט" דער יאָד.
זייער שטיל
איך האָב אַרויסגעשעפּטשעט „יוד".
מיט אויגן־דאַנק
ער האָט אויפגעכאַפּט מײַן שטילן יוד און באַלד
צוגעשטעלט אַ צווייטן יוד צום ערשטן,
אָפּגעטראָטן אויף אַ שפּאַן,
מיט פרומען ציטער אין זײַן קול
בעת אויגן האָבן זיך

מיט התפעלות־שפּיגעלעך פֿאַרצויגן
צום קלאַס געווענדט :
אָט קוקט זיי אָן
די קלייניניקע צוויי יודעלעך,
„ליטל יודס",
אַזעלכע פּיצינקע צוויי יודעלעך
און ס'איז
דער גרויסער בורא־עולם.
ער'ט אויפגעהויבן זײַנע גוטע הענט
און זילבער־קוועלעכלעך — די אויגן
צו דער הייך געווענדט :
אַזעלכע קליינטשינקע
צוויי יודעלעך צוזאַמען
מאַכט
„אַדאָנײַ",
דער מעכטיקער „אַחאָד", (אחד)
דערבײַ
מיט דער לינקער זײַט פֿון
זײַן רעכטער האַנט,
אַז מיינען זאָל
אַ קאָמאַר אַוועקגעטריבן,
אָפּגעווישט אַ טרער אַ ליכטיקע פֿון באַק.

אַזוי פֿיל יאָרן אָפּגעלאָפֿן
און כ'הער נאָך הײַנט
דעם גאָט־פֿאַרציטער אין זײַן קול :
אַזעלכע פּיצינקע צוויי יודעלעך.

ניט האַלט זיך אָפּ פֿון פֿאַרשרײַבן
קליינטשיקייטן.

# נאַקעט ווי אַ בליץ

שאָולס טאָכטער,
פֿאַרשטאַנד האָט דיך געמיטן ווען
פֿון דײַן הייך דו האָסט געזען
ווי דוד פֿאַרן אָרון
טאַנצט פֿאַר גאָט.

ס'האָט דוד נאָר אַליין געוווּסט
ווי קליין ס'איז אַ מענטש
ווען גאָט
איז אײַנגעצימצומט אין אַ וואָרט.
מיט גבורה האָט ער אויסגעמיזמורט
ליב און לויב צו  א י ם ,
אויפֿגעריסן זײַנע בגדי כּבֿוד,
אָפּגעשיילט די שווערע בגדי מלכות
כּדי נאַקעט ווי אַ בליץ
אויפֿטאַנצן פֿאַר גאָט.

צי זײַן קען דוד קלענער נאָך
ווי טאַנצן אָפּגעדעקט פֿאַר גאָט ?
נאָר ער אַליין — דער זיסער זינגער האָט געוווּסט,
דערפֿאַר
זײַן גאָט־ליב ביז צו מיר דערגרייכט.
איך נעם עס אויף אין ציטער פֿון אַ צווײַגל,
אין אַ ווינטל איבער רײַפֿע גערשטן־זאַנגען
און אַלע מאָל
זײַן גרויסקייט אין זײַן קליינקייט כ'זע.

מיכל,
צי זײַן קען דוד שענער נאָך ווי ער —

אַ שטראַל אַ הוילער
טאַנצט פאַר גאָט ?

דו האָסט ניט פאַרגונען די דינסטן־אויגן זאָלן זען
ווי ס'רוט אויף דודן די פראַכט פון גאָט
אַזוי ווי ע ר האָט אים באַשאַפן :
אָן אַ קרוין,
אָן אַ לײַנענעם אפוד.

און דוד אין זײַן גאָט־פרייד
נאָך קלענער ווערן האָט געוואָלט :
אַרויסצווינגען פון זיך
דאָס מינדסטע טראָפּל גאווה
און טאָן זיך כּבוד
מיט דינסטן פון די קנעכט געוואָלט
און פאַר די אויגן פון זײַן פאָלק האָט ער —
אַ בליץ אַ נאַקעטער
געטאַנצט פאַר גאָט.

שאָולס טאָכטער,
דודס שיינקייט
האָסטו נאָר פאַר זיך געוואָלט,
און ווײַ איז צו דײַן גדלות,
ס'האָט פון דיר פאַרמיטן
אַ זון פון דודס זוימען,
פון דודס קראַפט
און ביזן סוף פון דײַנע טעג
ניט זוכה ביסט געווען
צו וויגן דודס קינד אין דײַנע אָרעמס —
דײַנע טרויעריקע אָרעמס.

## אונטער דײַן צייכן

אַז איך בין אונטער דײַן צייכן
צי קען איך אַנטלויפן ?
אָדער
זאָל איך זיך שיצן אין דיר ?

איך קען דיך יאָ,
איך קען דיך ניט
נאָר אַלע מאָל איך געדענק דיך.

ליכט דײַן קאַמופלאַזש,
טונקל דײַן קאַמופלאַזש
פֿאַרויס און הינטער מיר.

אויף אַלע מײַנע וועגן
פֿאַרוואַרפסטו מיר
פרײַווילן מיראַזשן
און איך צי צו דעם און וואַקל.

אַפילו אַ שאָטן
שאָטנט ניט פון דיר
נאָר איך שטרויכל
איבער דײַן פאַראַנענשאַפט.

ווּ זאָל איך
פון דיר זיך באַהאַלטן
אַז אומעטום
בין איך
אונטער דײַן צייכן.

# פון דער טיפעניש

גאָט איז
אַ גאָט־פאַרלייקענער

פון דער טיף
פון מײַן דערשראָקעניש
אויף אַלע קולות פון פאַרציטערניש
איך שרײַ:
דו ביסט!
דו ביסט!

גאָט!
פאַרלייקן ניט
מײַן גאָט!

# אַ תפילה

גאָט געטרײַער,
טאַטע זיסער,
איך וועל אויף קליינע ווייטיקן
זיך ניט באַקלאָגן
נאָר היט מיך אויס
פון גרויסע ליידן.
היט מיך
פון יסורים גרויסע אויס, מײַן גאָט.

# אין בלאָ

דו ביסט פֿאַראַן מיר, דו
מײַן אַרויסגעקלערטער.
ביסט מיר שיין און יונג
און וויל איך
ביסטו עלטער.

איך שפּרייט פֿאַר דיר אַ טוך
פֿון בלאָען פּליוש
ס׳זאָל דיר זיס זײַן ליגן.
איך קני פֿאַר דיר און וויג דיך אײַן
אין טונקל־בלאָ פֿון אומעט־ניגון.

מיט דיר
זײַנען מײַנע חושים וואַך.
דו —
און וועלט איז ווידער וועלט.
צו דיר איך טענה, פֿאָדער,
כ׳בענטש דיך און איך שעלט.

איך רוף אַרויס דיך
אין בין־השמשות שעה.
בין איך רחמימדיק
לאָז איך דיך פֿאַרגיין
ווען שאַריִען נעמט פרימאָרגן בלאָ.

## אלמנהשאַפּט

א
טו עפּעס
מיטן מם אין
„אלמנה"
ס'זאָל ניט זײַן
ווי אַ
זשוק
ווי אַ
מוק

ס'קריכט איבער מײַן הויט
און גראַבלט
„טויט"
און גראַבלט
„טויט"

טו עפּעס
מיטן מם
אין
אלמנה

ב

דורכגעליכטיקט פון מײַן סאַמע אינער,
זוניק־גאָלדיק
אין מחיהדיקער זיסער אײגענער
װאַרעמקײט געװױלטאָגט
בין איך אַ זײַל
גאָלדענע זוניקײט.

און ער
האָט זיך געבױגן איבער מיר
טיף געבױגן.

איך האָב אַרױפגעקוקט צו אים,
מײַן קול — װײך־װײַביק
און געזאָגט:
מײַן נאָמען איז גלוסטונג,
איז דײַן באַגעריקײט?
און ער:
נײן.
מײַן נאָמען איז דערבאַרעמקײט.

און ער האָט גענפנט זײַן מױל —
אַזאַ גרױס מױל,
אַ פירעקעכדיק מױל
און דאָס פירעקעכדיק מױל
האָט אַ בלאָז געטאָן איבער מײַן פײַער־זײַליקײט
און מיך אױסגעלאָשן.
מיך אױס־
געלאָשן.

ג

אַן איידעלע האַנט
אַזאַ צאַרטע האַנט
פּאַמעלעכקע גרינג
געניִדערט ווי
אַן ערד־פאַרבענקטער בלאַט
און קוים
באַרירט מײַן הויט

אַ שטילע באַק
אַזאַ קילע רחמימדיקע באַק
זיך געבויגן
און קוים צו מײַנער צוגערירט
בלחש ווי
אַ שטילע תּפילה
אַרײַנגעסודעט מיר אין אויער :
ווײַב
טרויעריקע ווײַב

אײַננעמען אַזוי געוואָלט
אײַנוויגן אַזוי געמיינט
דאָס געיאָמער
פון מײַן לײַב.

## מײַנע געסט

אַ בוריקל, אַ מערעלע,
און אַ ברויטל,
אַ פּאַסטערנאַק, אַ פּעטרישקע
און אַ רעטעכל אַ רויטל.

אַ ציבעלע,
אַ הײפּטל קרויט,
קאַרטאָפּעלעך
און אַרבעסלעך אין שויט.

אַ פּאַטלעזשאַן,
אַ קאַליפליאָר,
שװעמעלעך
און אַ רויטער פּאָמידאָר.

און אוגערקעס
און שמעקעדיקער קריפּ.

איך באַגלעט זײ
און פאַרבעט זײ
און נעם זײ צו מײַן ליפּ.

# אַ טראָפּל נאָך אַ טראָפּל

פֿאַראַן מיר אַ דערמאָנען,
אַ נעפּלדיק דערמאָנען
קומט עפּעס בײַ מיר מאָנען
— עפּעס וואָס פֿון לאַנג —
נאָר איך ווייס ניט וואָס,
און אַז איך ווייס ניט
וויין איך,
ווײַל עפּעס טוט מיר באַנג.
עפּעס אַזוי באַנג.
וואָס טוט מיר אַזוי באַנג?
איך ווייס ניט.

איך לייען מײַנע טרערן
אַ טראָפּל נאָך אַ טראָפּל:
שולד פּלוס שולד
מאַכט
שולד טאָפּל...

אויב טרערן איז „גענאָד"
נו — דאַנק איך.
נאָר מיר איז עפּעס אַזאַ שאָד,
אַ ז אַ   ש אָ ד —
וואָס איז מיר אַ שאָד?
איך ווייס ניט.

## יאָרן

א

יאָרן, יאָרן.
ניין —
איך בין ניט זאַט מיט יאָרן.

איך בין אין גוטן בוים געראָטן:
געניטשאַפּט — מײַן געצווײַג,
אומשולד — מײַן געבלעטער.
קום רוען אין מײַן שאָטן.

יעדער נײַער יאָר
איז מיר אַ ליבהאָבער אַ יונגער.
איך גיי אין אים אַרײַן
מיט אַ געזונטן הונגער.
אַזאַ הונגער!

טרעפט אַ יאָר
מיט אויפטו און דערגרייכן,
אַ יאָר
מיט מינוס און מיט פּלוס,
אַ יאָר
מיט טעותן און שטות.
איי אַזוי פיל שטות!

אָט אַזוי אָ טוט
מײַן ליבהאָבער דער יונגער
מיט מײַן הונגער.

ניין —
איך בין ניט זאַט
איך בין ניט זאַט מיט יאָרן.

איך בין אין גוטן בוים געראָטן:
געניטשאַפּט — מײַן געצווײַג,
אומשולד — מײַן געבלעטער.
קום רוען אין מײַן שאָטן.

ב

יאָרן —
אָפּגעצײלטע יאָרן —
אַזױ פֿיל און אַזױ פֿיל
פּונעם
יאָרן־ברונעם.

פֿאַראַן אַ קװאַל
װאָס װערט ניט מינער מיטן שעפּן —
קװאַליק קװעלט
ביז צום דאָרשט פֿון מײַנע ליפּן.

סאַ לױטערער דער צופֿלוס:
פֿריש און נערט
און מערט
געזאַנג אין מיר,
טראָפּ אין מיר
און באַנג אין מיר.

יאָרן —
מײַנע אָפּגעצײלטע יאָרן —
ערשט
פֿון עצבֿות האָט אַרױסגעטאַנצט
אַ פֿרום התלהבֿותדיק ריקודל
און שטראָמיק רױשט אין מיר
און ברױזט אין מיר
אַ לױב דעם שפּרודל.

## עמער

איך בין אַ קינד פאַרכישופט
בײַ דעם ברונעם
אין מײַן וואַלינער דאָרף.

כ׳האָב ליב די עמער וואָס טוקן זיך אין טיפֿן
און שעפּן, שעפּן פֿון די אייביק פֿרישע קוואַלן.
אָט דער עמער — אָקערשט פֿון דער טיף אַרויפֿגעהייכט,
פֿאַרכלינעט
הוידעט איבערפֿולקייט.

אונטן —
ברונעם
רונצלט, פּינטלט, בלעזלט צאָרן :
געקומען ווי אַ גוטער שכן און באַגנבעט.

אויבן
עמער
שטיפֿעריש צעגלאַנצט
טרייסלט זיך פֿאַר נחת —
ווי אויף להכעיס
טראָפּלט טראָפּעלעך צוריק
און פֿאַרגייט זיך אין הנאה.

האָב איך אויסגעפּעלט בײַם טיש
האָט מען געוווסט
מע וועט בײַם ברונעם מיך געפֿינען.
איצטער
ווייסט ניט קיינער אַז איך בין אַ קינד
פֿאַרכישופט ערגעץ בײַ אַ ברונעם.

# מאַמע און קינד

ברייט שפּאַנט יונגע מאַמע
פעסט און וואַקלדיק,
אַ קינד בײַם הענטל האַלט
און אויפגעגאַנגען העכער האַלב
מיט צווייטן.

גיכע דראָבנע טריטלעך
קוים האַלטן מיט דער מאַמעסברייטן שפּאַן.
(אַלטע לײַט
מאַכן אויך אַזעלכע גיכע, דראָבנע טריטלעך.)

פּאַמעלעכער אַ ביסל, יונגע מאַמע.
בײַ דײַן זײַט דאָס באָבעלע
שלאָגט פון אָטעם זיך אַרויס.
דאָס צווייטע
טראָגסטו אײַנגעוויקלט אין די פּײַכטע, ווייכע,
וואַרעמע, שטיל־זינגיקע געוועבן
אין דײַן בויך.
דו אַפילו אָטעמסט פאַרן ברעקעלע אין דיר.
און דאָס
פאַראַנקערט אין דײַן האַנט
פלאָנטערט פיסלעך —
אָט, אָט פאַלט עס איבער אייגענע
הין־הער שפּען.
דו טוסט דאָס הענטעלע אַרויף אַ שלעפּ
צוריק דאָס באָבעלע אויף קינדער־פיסלעך שטעלן
און שוין —
ווידער קליינע פיסלעך אין געשלײַדער
בײַ דײַן זײַט.

# אָנגעקומען

כ׳בין שטיל אַרײַן.
די קימפּעטאָרין
טיף אין שלאָף
נאָך אַ שווערן האָבן.
לעבן איר
אין הויכן קישן אײַנגענעסטלט
אַן עופעלע אין זיך פאַרטוקט,
נאָך דער שווערער רײַזע
צוקט.

איך זאָג:
ביסט אָנגעקומען.
וואָס וועסטו דאָ?
ס׳האָט דאָס פּנימל געגעבן זיך אַ קרום,
הויט — אַ רונצל,
מײַלעכל אַרויסגעצווונגען האָט
קלאַנגען שאַרפע, קורצע,
וואָס האָבן ווערטער אויסגעשיילט
אָט אַזעלכע:
איך בין געקומען
שטאַרבן.
אַזוי ווי דו —
פריִער
איך וועל אַרבן, אַרבן
נאָך דעם
שטאַרבן.
אַזוי ווי דו —
איך בין געקומען
שטאַרבן.

## פאַקנטרעגער

זיי גייען
אומעטום זיי גייען
אַליין און אין צווייען
די פּאַקנטרעגער.

זיי טראָגן
זיי שלעפּן
גרויסע זעק
שווערע פּעק וואָס
בייגט זיי איַין דעם רוקן
ברעכט זיי איַין די קני
קרימט זיי אויס די הענט
טרערט זיי אויס די אויגן
און שמעלט זיי איַין דעם קאָפּ.

זיי שאַרן פיס
דעם באָדן ניט פאַרלירן.

זיי שלייַכן
און זיי שלעפּן
גרויסע זעק
שווערע פּעק
מיט
יאָרן.

# שווייַג־צייַט

טעג —
לאַנגע, אויסגעצויגענע
אויף אַהינטער פאַרוואָרפענע העלדזער.
צייַט פון בריוו־טראַכטעניש,
אויף בריוו וואַרטעניש.

נעכט —
לאַנגע קרומע שאָטנס.

פיל זיי אויס מיט
שעה נאָך שעה.
רוף אַרויס און צייכן
איבער זייער גאַנצער לענג
פנימער און נעמען.
טייל זיי איין
אין פאַרלוסטן און געווינסן.
סדר זיי
ביז אין דרעמלעניש אַרייַן.

צי אַרויס אַ וואָרט אַ גוטס
וואָס פון אַ טייַער מויל
אַמאָל
צו דיר געטאָן אַ פלאַטער.
כאַפּ זיך אָן אין דעם.
פאַרקלאַמער זיך אין דעם.
הוידע זיך אויף דעם.

לאָז פאַרנאַרן זיך
צום ניט־דערטרוימטן.
מאַך דיַין אָפּרו דאָרט.
לאָז ניט אַריַין אַהין
באַדויער.

ניין —
ניט טרויער,
נאָר שטיל־צײַט.
קלוגע
שוויַיג־צײַט.

## ווערטער־ווענט

אַ באַקאַנטער האָט מיך אָפּגעשטעלט:
שלום, שלום!
וואָס הערט זיך אויף דער וועלט?

איך ווייס ניט, זאָג איך.
איך בין נאָך דאָרטן ניט געווען.

„וואָס מיינסטו?
ווו
ביסטו נאָך ניט געווען?"

אין דער וועלט, זאָג איך.

ער פאַרקוועטשט די אויגן שטייף,
שווייַגט אַ ווייַלינקע
און כאָפּט אַראָפּ זיך פון דער טעמע:
„וואָס טראָגסטו דאָרט אין זעקל?"

ווערטער, זאָג איך.
ווערטער טראָג איך אינעם זעקל:
ציבעלע, רעטעך, קאַרטאָפל,
שוועבעלעך אַ פּעקל,
אוגערקע, ברויט
און געווירצעלעך אַ לויט.
ווערטער, זאָג איך
טראָג איך
אינעם זעקל.

„אַ גוטן" זאָגט ער
און פאַרשווינדט.

איך
דער גרויסער
גאַרניט־ווייסער
האָב ווערטער געקליבן,
אַ גאַנצן אוצר אָנגעקליבן —
געמיינט
מיט ווערטער־ליכטער
זוכן וועלט.

איצט —
זיי האָבן אַרום מיר זיך אויסגעשטעלט.
ווערטער
זיינען מיר געוואָרן
ווענט.

ווי אַ זיבעלע,
אַן אַכטעלע
מיט אויגן נאָך פאַרמאַכטענע
אין מאַמעס בויך
איך שטויס זיך אין די ווענט.
איך שטורעם זיי פון אינעווייניק
מיינע ווערטער־ווענט.

# אַלע אינדערפרי

דער בעקער שטעלט מיר צו
פוטער־בולקעלעך
אַלע אינדערפרי.
אין אַ ווײַסינקן שקאָרמיצל
פריש שמעקעדיקע בולקעלעך
אַלע אינדערפרי.

ראַדיאָ
שטעלט מיר צו וועלט חולאתן
אַלע אינדערפרי.
זעק און פעק חולאתן
אַלע אינדערפרי.

און מײַנע אייגענע
קליינינקע קרענק
ווערן בטל
אַלע אינדערפרי.
אַלע מײַנע ווייטיקן
ווערן נישטיק,
ווערן מיר אין גאַנצן נישטיק.

וואָס זשע זאָל איך טאָן מיט,
וואָס זשע זאָל איך טאָן פאַר
דער מסוכן קראַנקער וועלט ?

וואַרט אַ ווײַלע
און לאָמיך פריִער אָפעסן
מײַן פרישטיק...

# אַ חלום

אַ יונגער, אַ גלײַכער איז ער געשטאַנען
צופֿוסנס מײַן בעט און דערציילט:
„איך האָב זי דערזען פֿון דער ווײַטנס
בײַם קאַרניוואַל אָדער יריד.
איך ווייס ניט ווי איך בין געקומען אַהין.

זי! דאָס איז זי!
זי זעט מיך! זי קוקט אויף מיר!
וואָס זאָל איך איר זאָגן!?
ווי אַזוי דערציילן?
ווי אַזוי זאָל איך איר מאַכן וויסן מײַן פֿאַרוואָגלטקייט?
מײַן פֿאַרלאָרנקייט?
די אַנדערע וואָס האַלט אירע אָרעמס אַרום מיר —
אירע אָרעמס אַרום מיר, אָרעמס אַרום מיר?

איך מאַך אַ שפּאַן צו איר און מורמל אין זיך:
איך האָב געבענקט אין מײַן פֿאַרוואָגל,
איך האָב געמיינט אין מײַן פֿאַרוואָגל,
אַזוי געבענקט, געבענקט.
איך מאַך אַ שפּאַן צו איר
און — כ'האָב דערפֿילט מײַנע שיך שטײַפֿן,
לאָזן ניט גיין ווײַטער,
לאָזן ניט גיין נענטער.
איך לאָז זיך אַראָפּ אויף דער ערד,
שלעפּ די שיך אַראָפּ —
באָרוועס וועל איך צו איר לויפֿן. לויפֿן.
איך מוז איר זאָגן. בעטן. בעטן.
איך ווייס ניט וואָס נאָר כ'מוז בעטן.

אַראָפּגעשלעפּט די שיך און —
גרויסע לעכער אין מײַנע זאָקן.
צוויי גלײַכע, רונדע לעכער אין מײַנע זאָקן.

איך שטעל זיך אויף.
מײַנע אויגן טוען אַ וואַנדער אין איר ריכטונג —
ניטאָ!
איך זוך אין אַלע זײַטן —
פֿאַרשוווּנדן.
איך לויף אין די צעלעכערטע זאָקן,
איך האַלט שטײַף מײַנע שיך אין די הענט.
ניטאָ זי.
ניטאָ דער קאַרניוואַל.
גאָר ניטאָ.
נאָר איך מיט מײַנע שיך אין די הענט
אין צעלעכערטע זאָקן
אויף אַ ליידיקן, האַרבסטיקן פֿעלד.

איצט ווייס איך —
זי איז טויט.
איצט ווייס איך —
זי האָט פֿאַרגעבן.
אין איר טויט זי האָט פֿאַרגעבן".

איך האָב זיך אויפֿגעכאַפּט
און אין מײַנע אויערן האָט נאָך אַלץ געהילכט
זײַן איידעלע, שיינע שטים.

## מידבר־ווינט

ס'פאַרנאַכטיקט.
מיר פאָרן קורצוועג פון מושב חגלה
צו חברים אין קיבוץ המעפיל.
ס'פירט אונדז
שווער סאָפּענדיק און האָפּענדיק
אַן אַלטער חצי־אויטאָ — חצי־שלעפּ
איבער רויטע שטיינער,
זאַמד
און הרודעס רויטע ערד.

ביי די זייטן —
מידבר, מידבר אונטערטעניק
דעם מידבר־ווינט — דעם ווילדן קעניג.

אַ מורד בבורא־עולם איז דער מידבר־ווינט.
זיין גיהנום און גן־עדן דאָ
מישט ער אויס צוזאַמען.

ווי גאָט געפורעמט האָט
פון ערדן־שטויב זיין מענטש —
אַ זכר און נקבה
אַז פרוכפּערן און מערן זאָל זיך זיין באַשאַף
פורעמט דאָ דער מידבר־ווינט
זיין אייגענעם באַשאַף.

ער פורעמט, פורעמט
און אויסגעפורעמט האָט פון הייסן זאַמד
בלענדנדיקע, ראָזעווע און גלאַטע
ווייבער־לייבער.

מיט ווילדער תאווה
די גופים זייערע באַשווערט,
סימעטריש זיי אַרײַנגעפּאַסט
אינאַנאַנדער,
צו ליבע לעסבישער זיי אָפּגעגעבן.

און אַזוי פֿאַרמישפּט זײַן באַשאַף
צו אייביקער עקרות
האָט דער מידבר־ווינט דער מורד.

ס'פֿאַרנאַכטיקט.
זונקאָלירן פֿון ניטדאָיִקן באַלײַכט
מיניען איבער ראָזע לײַבער
ריטעם —
קוים אַ שאָרך פֿון יענעם ריטעם
וואָס פֿון אייידער
תוהו־ובוהו אײַנגעצאַמט און אײַנגעשפּאַנט געוואָרן איז
אין סדר.

איך האָב געגאַפּט
און פֿאַר דער שוידערלעכער שיינקייט
די אויגן מײַנע האַלב פֿאַרמאַכט...

ישׂראל 1960, פֿאַרשריבן 1973, קאַליפֿאָרניע

## שמייכל קעגן שמייכל

צווישן אונדז
לענדער און ימען אויף מײַלן טויזנטער.

מיר האָבן זיך דערזען.
ער האָט געזאָגט „כּישוף"
און איך האָב געזאָגט „ליד־ליכט", „התגלות".

ער האָט מיך צוגעפּירט צו
זײַן פּירעקעכדיק שטיבעלע
וואָס ער רופט „אַלף".
מיך פֿאַרבעטן.
איך בין אַרײַן.
באַלד
ער האָט פון מיר אַ דרײַלינג אָפּגעשאָטנט:
איינס זאָל אים זײַן צום ווײַב,
דאָס צווייטע זאָל אים זײַן צום מאַן
און דאָס דריטע
זאָל אויפהיטן דעם תּענוג און די פּײַן
און ער האָט אַלע דרײַ
גערופן מיט מײַן נאָמען.

פֿאַרכאַפּט פונעם וווּנדער האָב איך צוגעזען
די אָרגיעס וואָס ער פּראַוועט מיט זיי
וואָס ער רופט מיט מײַן נאָמען.

איך האָב געזען אויפשפּילן אין אים
דעם צאַפּל פון הנאה.
איך האָב געזען אין אים
דעם ציטער פון פֿאַרשווידער.

ער האָט אין גאַנצן זיך פאַר מיר געעפנט
און אפשר
זיך אַליין צום ערשטן מאָל אַזאַ דערזען...

פחד,
שטוינונג
און מײַן האַרץ האָט זיך געקערט צו אים.
דערבײַ
צו דער שאָטנדיקער דרײַלינג
איז מײַן אייפּערזוכט געשטיגן
ביז דעליר.

איך האָב אויפגעפּראַלט די טיר,
די שאָטנס צעטריבן.
פאַרטריבן די שאָטנס
פון זײַן פּירעקעכדיק שטיבעלע אַלף.

קיין טראָפּל שולד
נאָר וווּנדער, וווּנדער:
אַראָפּגעפאַלן אַלע פּענטעס,
אַרויס פון דעם באַזונדער
און ס'העלט און זיניקט איצט
שמייכל
קעגן
שמייכל.

# חלום־וואָר

איך ווייס שוין מער ניט וואָס איז וואָר
און ווען מײַן חלום „חלום" איז.
אַנטכּוחסט מיך. און ווילסטו נאָר —
און כ'ווייס שוין מער ניט וואָס איז וואָר.
אָט ביסטו ממש, העל און קלאָר.
שוועבסט אום פֿאַר מײַנע אויגן ביז
איך ווייס שוין מער ניט וואָס איז וואָר
און ווען מײַן חלום „חלום" איז.

# ביז ווי הויך

אויב איך קום דײַן ליבשאַפט נעמען
ביז ווי הויך וועל איך דיר גרייכן ?
ביז דײַן אַקסל ? מויל ? די ברעמען ?
אויב איך קום דײַן ליבשאַפט נעמען
ווער וועט אַרויפקוקן צו ווּעמען ?
פינף־צוויי וועט מײַן דינקייט הייכן
אויב איך קום דײַן ליבשאַפט נעמען.
ביז ווי הויך וועל איך דיר גרייכן ?

## אונדזער גאָרטן

— — און ווערטער וואָרטן,
שורות שירהן
און פערזן —
דייַן און מייַן
געהיימער רויזן־גאָרטן.

דאָרטן
צווישן דיר און מיר
דער איידלסטער
באַריר.

# קלעטער־קרײַטעך צום צעדער

הויך
זײַ מיר הויך
בוים־הויך
בוים־שטאַרק
און איך
דער ווילדער קלעטער־קרײַטעך
דער וויקלוווקס
וועל זיך וויקלען
אַרום
דיר
הויך...

## טעגלעכער ריטואַל

אָפּגעגעבן זיך דעם צערטל
פון וואַרעם וואַסער־שפּריץ —
מײַן ביסל ליבשאַפט אָפּגענומען
וואָס מיר קומט.
(איך קען דאָך ניט באַדאַרפן
וואָס מיר קומט ניט)

יעדער נײַער טאָג
איז מיר געהייליקט.
צערעמאָניעל איך פיר אַרײַן
די הענט מײַנע אין אַרבל,
די פיס מײַנע אין שיך
ווי מע פירט אַרײַן אַ יום־טוב
אין אַ פרומער שטוב.
נאָך דעם
איך בוק זיך צו דער זון.
ניין.
ניט עבודה־זרה.
איך נייג זיך ווי אַ צווײַג
צום ליכט פון גאָטס גענאָד.
ס'לויכט צו מיר אַרײַן
דורך דער גלאָז־וואַנט
צו דער פּאַטיאָ מיטביימער.

איבער צווײַגן פון די ביימער
שפּילט אַ ווינטל אויס דײַן נאָמען.
שפּילט אין מיר אַרײַן
דײַן נאָמען.

# זײַ שטיל

ווײַט
הימל־עפן־זיך די ווײַט
נאָר דו
זיץ שטיל
ווי דײַן טבע איז
אין זיך פֿאַרטוקט

זײַ שטיל
און איך וועל בײַקומען די ווײַט
און ווי אַ קעצל שטיל
כ'וועל זיך צושאַרן צו דיר
אײַננורען מײַן פּנים אין דײַן בוזעם
און דערציילן

איך וועל דיר אַלץ דערציילן
זײַ שטיל
זײַ שטיל

# אַנומלט

אַנומלט —
געדענקסט ?
איך בין געלעגן אויף דער סאָפע —
האַלב פאַרמאַכט די אויגן,
דו ביסט געזעסן לעבן מיר.
איך האָב פאַמעלעכקע דײַן האַנט גענומען,
זי אַוועקגעלייגט אויף מײַן בויך.
געדענקסט ?
געווען אַזאַ זיסע וואַרעמקייט
פון דײַן דינער האַנט.
איך האָב געאָטעמט טיף און גרינג
און כ׳בין
אין מתיקות אײַנגעשלאָפן.
געדענקסט ?

האָסטו מיר אַרײַנגעקוקט אין פנים ?
האָסטו
די אויגן פאַרמאַכט ?

## טויבן

צוויי טויבן
צוויי ווײַסע טויבן
גלײַך צוויי, גלײַך ווײַס
מיט שנעבעלעך ראָזע
אַליין געקומען
זיך אײַנגענעסטלט אין מײַנע הענט

וווּהין זאָלן מיר גיין
אַלע גלײַך גיין ?
צו דעם מירן גיין
וואָס האָט דערהערט מײַן געוויין

געוויין ווײנט און וויל
ווערן דערהערט
געשמאַקער ווײנט געוויין
ווען ס'ווערט דערהערט

ער האָט דערהערט
איך האָב געבראַכט דערפאַר אים אַ געשאַנק
מײַנע צוויי ווײַסע טויבן
גלײַך צוויי גלײַך ווײַס

ער האָט געפרעגט
קרבן ?
איך האָב געזאָגט
חלילה.
פרייד איך האָב געבראַכט
גלײַך דיר גלײַך מיר
פרייד

ער האָט אויסגעצויגן
זײַנע לאַנגע פינגער
פאַרוויקלט זיי אַרום
די העלדזעלעך
פון מײַנע ווײַסע טויבן
גלײַך צוויי גלייך ווײַס
גלײַך טויט
אין מײַנע הענט.

## פון „ניט־טאָרן"

איך שוויַיג צו דיר אויף אַלע קולות
הערסטו מיך ?

איך גלי צו דיר פון מיַין „פאַרבאָרגן"
זעסטו מיך ?

איך גלוסט צו דיר פון מיַין „פאַרבאָטן"
ווילסטו מיך ?

איך שוויַיג צו דיר
איך שוויַיג צו דיר אויף אַלע קולות

## כאָטש נעם

מײַנע אָרעמס טוען װײ
צו אַרומנעם
כאָטש נעם אַרום דעם שרײַבטיש

מײַן האַרץ טוט װײ
מיט ליבשאַפט אין מיר
ליבשאַפט אַפילו צו דער מוראַשקע
װאָס קריכט אַרום אויפן קאָנװערט
אַדרעסירט צו דיר

אַזאַ זינגעװדיקײט
רײַסט זיך פון מיר
הײַנט גאַנץ פרי

# אין דײַנע בלאָע אַפּלען־סטאַוון

זע די מלכּה:
זי לאָזט פֿון אירע אַקסלען פֿאַלן
צו די פֿיס אַרונטער
אירע קעניגלעכע קליידער.

רונד אַרום די פֿיס אירע
ליגט דאָס קעניגלעכע אָנטאָן.

זע די מלכּה:
זי שפּאַנט פֿון גאָלד־בראָקאַט אַרויס
און שפּאַנט אַרײַן
אין דײַנע בלאָע סטאַוון.

## ווי אַן אתרוג

איך וויל דיך גוט.
איך וויל דיך ריין און שיין
ווי אַן אתרוג.

מײַן זיידע רב דוד חפץ
האָט זײַן אתרוג אויסגעשריבן
פון אַ לאַנד אַ ווײַטן.
ס'פלעג אָנקומען זאָרגעוודיק געפּאַקט
אין ווייכער זויבער־ריינער ווײַסקייט
אין אַ פּושקעלע אַ שיינס.

דער זיידע אַליין
האָט אָפּגעהיט זײַן אתרוג
ס'זאָל חלילה ניט געשען אויף דעם אַ פלעק.
ער'ט צוגעפּירט אַיעדן פון זײַן צענדליק קליינוואַרג
צו דער קוואָרט דער קופּערנער
זיי אָפּוואַשן די הענטלעך.
צו יעדער הענטל וואָס האָט צו דער קוואָרט גענענט
האָט ער צוגעשמייכלט.
(ווען מײַן זיידע האָט געשמייכלט
האָבן אין הימל די מלאכים אויפגעזוננגען שירה...)
און זיידע האָט פּאַמעלעכקע אַרײַנגעלייגט דעם אתרוג
אין אַ הענטעלע צום בענטשן.

דעריבער
איז שוין אויף תּמיד מיר פאַרבונדן
זויבערקייט און שיינקייט
מיט אַן אתרוג.

## אײַ, אײַ

אַ וואָרט — דײַן מויל,
אַ שורה — דײַן האַנט
האָט מיך אומגעוואָרפן.

פון מײַן נידער
איך האָב אַרויפגעקוקט צו דיר
דערשראָקן
קוים אַרויסגעזשיפּעט :
דו ש ש ש ד !

אוי ווײ און
אײַ אײַ,
ניט שטראָף מיך, גאָט געטרײַער,
איין קליין יודעלע
און
ס'ווערט
שדי...

# אָפּענע רייד

וווּנדערסט זיך איבער
מײַנע אָפּענע, נאַקעטע רייד.
זיי ריידן
מײַן פרייד
און זיי ריידן
מײַן צער
און אפשר
זיי זײַנען „אמת"
דערפאַר
וואָס איך בין,
מיר דאַכט זיך,
גאָטס ליכטיקער
נאַר.

## פשוט

מען דאַרף קיין פליטערדיק,
אויסגעפּוצט וואָרט
ניט זוכן.
פאַראַן אַ וואָרט אַן אַלטס —
אַלט
ווי די וועלט איז אַלט.
יונג
ווי דאָס האַרץ איז יונג.
„ליב"
איז דאָס וואָרט.
און זאָגן
זאָגט מען דאָס אַזוי —
פון אייביק אָן מע זאָגט דאָס
פשוט אָט אַזוי
„איך האָב דיך ליב".

איז פאַראַן נאָך עפּעס
מער באַגלייביק ווי
דאָס אַלטע פּשוטע „איך האָב דיך ליב" ?

אַ שפּרונג אַזאַ
מע דאַרף ניט גיין זיך לערנען.
מע נעמט עס
פון דער רויער ערד,
פון דער זון,
פון אַ זאַנג און
פון אַ בלום. —
פשוט אָט אַזוי :
איך האָב דיך ליב.

# טרעפט אַ מאָל

טרעפט אַ מאָל
איך קוק זיך אָן מיט דײַנע אויגן
און איך קוועל
און ס׳טרעפט
מיט בײדע הענט די אויגן מײַנע
איך פֿאַרשטעל...

## טו מיר ניט ווײ

כ׳בעט דיך —
טו מיר ניט ווײ.
איך קען ניט קיין ווײטיק פֿאַרלײַדן.
אײדל
באַנעם זיך מיט מיר.
צאַרט
באַגײ זיך מיט מיר.

ווײטיק
מאַכט שטײַף מיר דאָס מויל,
צעקאַרבט מיר דעם שטערן.
ווײטיק
מאַכט מיך ניט שײן.

טו מיר ניט ווײ.
איך קען ניט קיין ווײטיק פֿאַרטראָגן.

נאָר מוזסטו מיר ווײ טאָן
ווײַל ליבשאַפֿט טוט ווײ
טאָ טו מיר דײַן ליבשאַפֿט,
טו ליבשאַפֿט אַ סך
און טו
נאָר אַ טראָפּעלע ווײ.

## יום־כּיפּור תּשל״ד

איך פֿאַרשרײַב:
ניין — איך בין דעם שבת שבתון
ניט מחלל.
איך בין מתפּלל.

מלחמה
האָט מחלל געווען מײַן לעבן
הײַנט — יום־כּיפּור תּשל״ד.

איך רײַס זיך אָפּ.
איך שלײַדער זיך אַריבער
אַהין:
ירושלים, תּל־אביב, חיפה.
איך שפּרינג איבער
שטעטלעך, דערפֿער, קיבוצים.
איך וויל פֿאַרקוקן עמעצן אין פּנים.
איך וויל זיך אָנבינדן
צו שרעק אין אויגן.
איך וויל זיך צוקניפּן
צו זיפֿץ, צו קרעכץ,
צו אַ קינדס אַ פּיפּס.

איך זוך די פּנימער
וואָס האָבן ערשט
ערגעץ דאָ געדאַגהט —
ערגעץ דאָ גענײַגערט.
נעפּל.
נאָר נעפּל.
אַלץ פֿאַרדעקט דער נעפּל.

נאָר איך זע :
איבער נעפּל —
הויך איבערן נעפּל
שווימט
אַן איינציק פּנים.

פֿון אותיות פֿינף
אויסגראַווירט האָט זיך
אַט אַזאַ מין פּנים :

שׂ
י ר
א
ל

אַזאַ שטרענגער,
אַזאַ גוטער פּנים
שווימט.

## דריטער שבת פון יום־כּיפּור 1973

שטעל אָפּ די שחיטה, גאָט דו גרויסער,
שטעל אָפּ.
איך זאָג דיר צו:
איך וועל מײַן פרייד ניט טאַנצן
און ניט שפּרינגען.
איך וועל אַפילו
הללויה דיר ניט זינגען.

איך ווייס —
דו ווילסט ניט כ׳זאָל זיך פרייען.

גאָט, מײַן גאָט,
שטעל אָפּ די שחיטה
און איך זאָג צו:
איך וועל זײַן שטום —
פרום
און כ׳וועל מײַן פרייד ניט פויקן
און ניט שאַלן.
איך וועל נאָר אויף מײַן פּנים פאַלן
און וויינען,
וויינען.

# פון אַ בריוו צו מאַרשאַ

ניט גוט אַזוי, מײַן מאַרשאַ.
באַדאַרפט וואָלט איך זײַן איצט
אין ירושלים,
עפענען מײַן טיר פאַר דיר,
דיך אַרײַננעמען,
דיך אויסטאָן פון דער מידקייט.

דו וואַרפסט אַראָפּ פון דײַנע פּלייצעס
דעם גרויסן, שווערן פּאַק
ביכער, העפטן, נאָטיצן, וואָס
נאָר דו אַליין קענסט מאַכן דאָרט אַ טאָלק.

קאַווע ?
„יאָ. און אַלץ וואָס דו האָסט.
איך בין הונגעריק".

איך זיץ אַנטקעגן דיר.
כ'וויל צונעמען פון דיר
די פּאַפּיראָסן
נאָר איך נעם ניט.
איך וויל דיר גוטס טאָן
נאָר איך טו ניט.
איך ווייס ניט ווי מע טוט דאָס.
אפשר איז אַ וואָרט אַזאַ פאַראַן.
איך ווייס דאָס וואָרט ניט.
איך שווײַג.
כ'שווײַג אײַן דעם שטורעם וואָס אין מיר.
כ'שווײַג אײַן מײַן צער.

4 נאָוועמבער, 1973

# זעקס מאָל זעקס

זעקספליגלדיקע,
קומט זעקס מאָל זעקס.
שטעלט זיך רונד אַרום דאָס קליינע לענדעלע פון ייִד.
דאָס פאָלק —
די אויגן אָנגעשפּיצט צום בייז פון שׂונא
איז שוין מיד.
אַזוי מיד!

זעקס מאָל זעקס שפּרייט אויס די פליגל,
ווענדט אָפּ דאָס שלעכטס.

קומט, זעקספליגלדיקע,
קומט זעקס מאָל זעקס.
זעט דאָס ייִנגל דאָרטן בײַם געווער!
אַלע זײַנע אברים
מיט מידקייט זײַנען שווער.

דאָס ייִנגל וויל אַ ייִנגל זײַן.
ער וויל שלאָפן ביזן ווײַסן טאָג אַרײַן.
ער וויל אַ ביסעלע זיך פוילן,
זיך ציִען מיט די אָרעמס צו דער הייך און גענעצן
אַזש די ביינער זאָלן טאָן אין גוטסקייט אַ פּאַרצאַפּל.

קומט, זעקספליגלדיקע!
קומט זעקס מאָל זעקס,
שפּרייט אויס די פליגל רונד אַרום דעם ייִדן־לאַנד.
באַשיצט.

און זאָל די מאַמע
מיט מאַמישער רחמנות
פרײַ פון די מלחמה־שרעקן
איר ייִנגל וועקן,
אים צואײַלן צו די לימודים.
זי וועט זאָגן :
זע די ווײַסע פליגל —
זעקס מאָל זעקס זעקספליגלדיק,
זיי טריפן רו.
לויף און זאָג אַ הימל־בלאָען בוקר טוב,
מײַן ייִנגל.

קומט זעקס מאָל זעקס זעקספליגלדיקע,
שטעלט זיך אויף דער וואַך.

זעט די יונגע מענער —
די מוסקלען שטײַף
בײַ די טאַנקען אָנגעשפּאַנט.
קומט !

די יונגע מענער דאַרפן
אַקערן און זייען
און אין די נעכט
די יונגע ווײַבלעך זייערע דערפרייען.

קומט זעקספליגלדיקע !
קומט זעקס מאָל זעקס.

10 דעצעמבער 1973

## דער וועג צו דיר

וויפל אויגן דאַרף איך האָבן
צו קענען אויפכאַפּן אַ מינע
וואָס טוט אַ שפּיל אַרום דײַן מויל
ווען
דו קערסט דײַן פּנים אָפּ פון מיר?

וויפל אויערן באַדאַרף איך האָבן
צו קענען אויפכאַפּן אַ וואָרט
וואָס שפּרינגט אַרויס צעפּערטלט פון דײַן מויל
ווען
דו קערסט דײַן פּנים אָפּ פון מיר?

ניט אויג אויף אויג
און איך דערקען דיך ניט
כאָטש
דו ביסט מיר מיטן האַנט צו דערלאַנגען.

קען זײַן
ווען כ'זאָל זיך אײַנאויגן
און אײַנהערן
צו מיך
וואָלט איך אפשר
דערקענען דיך...

קען זײַן
ס'איז גאָר ניטאָ קיין אַנדער וועג
צו דיר.

## צום געבוירנטאָג פון אַ ייִדישן דיכטער

דו שרײַבסט :
איך בין שוין אַ פאַרגעסענער,
אין גאַנצן אַ פאַרגעסענער,
בײַם לעבן אַ פאַרגעסענער.

זע —
ס'זײַנען די פאַרגעסער
שוין אויך פאַרגעסענע...
נאָר ערגעץ
פאַראַן נאָך עמעץ וואָס געדענקט :
געדענקט דײַן ליד,
געדענקט דײַן לייבן־קאָפּ,
דײַן שטאָלצן האַלדז,
דעם ביטול־שמייכל אויף די דיקע ליפּן,
דײַן שווערן אָקסן־טראָט
און די משׂא וואָס האָט געוואָלט
דיר אײַנברעכן דעם קאַרק.

האָסט דאָך לידער געשריבן אויף דעכער ווי
דו האָסט שינדלען געלייגט
און אויסגעמורמלט דאָרט
דײַן עלנט ליד,
דײַן טרויער־ליד.
אַזאַ שיינקייט !

און איצט —
אַן טרויער,
אַן באַדויער

שרײַב לידער פון אַן אַנדער צײַט
אַפילו נאָר כּדי
זיי זאָלן ערגעץ זײַן פאַרשריבן...

שטיל
שמייכל זיך אַרײַן אין „הײַנט־צײַט"
און שרײַב איצטער נײַע ליבע־לידער:

אַ גרויער קאָפּ
צוגעפאַלן צו אַ ברוסט אַן אײַנגעפאַלענער —
אַזאַ מתיקות!
אַ טרער צעציטערט צו אַ צווייטער טרער
אין עמעצנס אַן אויג
און דאָס האַרץ גייט אויס אין ליבשאַפט.
פאַרמײַד ניט, דיכטער,
די שיינקייט וואָס געהער דער עלטער.

גלויב —
פאַראַן נאָך ערגעץ אַ געדענקער
וואָס געדענקט:
דאָס קעסטל בוי־מכשירים געשטאַנען גרייט
פאַר דײַנע אַקסלען.
דו האָסט צום פרישטיק־טיש געבראַכט
אַ ניט פאַרענדיקט ליד,
אַרײַנגעזונקען דײַנע אויגן
אין אַ יונגער שורה.
זי האָט אַ רוק געטאָן אונטער נאָז דיר
דעם פולן טעלער
און בייז דיר צוגעוואָרפן.
„סײַ ווי דו זעסט נאָר דאָס פּאַפּיר און

קיצלסט דאָרט אַ שורה,
טאָ עס אַליין !"

דו האָסט אַ פּיר געטאָן די אויגן און דערזען
דעם שטול אירן אַ ליידיקן.

אין דײַן קאָפּ
גענומען קײַקלען האָט זיך שווער דער
„עס אַליין" —
„אַלטער, עס אַליין, עסאַליין,
עסאַליין..."

דו האָסט צוגעמישט אַ ביסל סם
און באַלד
איבער דײַן ליד פֿאַמעלעך אָנגעשריבן —
אויף אייביק
אָנגעשריבן האָסט דײַן דיכטער־נאָמען
„אַלטער עסעלין".

איצט
צו דײַנע זעקס און אַכציק יאָר
שרײַב אַ ליבע־ליד, אַלטער עסאַליין.
אַלטער עסעלין.

## ווי אַ גאַסט דאַרף זיך פירן

דו ביסט אַ גאַסט.
נעם אַלץ מיט לײַכט געמיט
וואָס דער גוטער גאַסטגעבער
דיר גיט...
נעם מיט שׂכל
און דאַנק.
אַפילו נאָר מיט אויגן־שמייכל
דאַנק.

אַ גאַסט
דאַרף אויכעט זײַן אַ גוטער
און ניט פאַרשעמען
די טאַץ וואָס ברענגט
אַפילו נאָר
אַ פענעץ ברויט אָן פוטער,
און אויב די טאַץ
וועט זיסקייטן דיר אונטערטראָגן —
למען השם
נעם.

למען האמת
ס'איז ניט קיינעמס
מער ווי דײַנס,
ווי מײַנס...

נעם
נאָר אָן הכנעה.
מאַך אַ ברכה
און האָב הנאה.

## צו מם

אַ שטילער זיפץ
באַקלאָגט זיך אויף דער עלטער

ניט באַקלאָג זיך

קוק אַרײַן אין זיך
און זע

יונגקייט איבער יונגקייט
איבער יונגקייט
שיכט אויף שיכט

אַ באַרג מיט יונגקייט
איז די עלטער
פון אַ שאַפערישן דיכטער

מיט אַן אמת

## ווען מיר איז גוט

מיר איז גוט
און
איך בין טרויעריק.
אַלע מאָל ווען איך בין פריילעך
איז מיר אומעטיק.

אָט עמעץ זײַלט מיך —
אַ דערשפּירעניש,
אָט עמעץ בינדט מיר
אַ דערקענעניש —
אַ טראָפּעלע דערקען.

עמעץ אָט באַרירט מיך —
אָן אַ האַנט
באַרירט מיך
און דער עמעץ
זאָגט מיך —
אָן אַ וואָרט
ער זאָגט מיך,
זאָגט מיך.

און מיר איז אַזוי גוט דערפון.
מיר איז מאָדנע גוט
און טרויעריק אַזוי.

## שפּילסטו מיר

טראַפּנס דערמאָנונג
טערפּקע ווי טרערן

קלוגשאַפּט אַ לעק
וויסן אַ שמעק

פֿאַרדראָסן בײַם פּונט
חרטה בײַם פּוד
שפּילסטו מיר, עלטער, מײַן עלטער

נו גוט
נאָר שפּיל מיר ניט
אַלטקייט, מײַן עלטער.
שפּיל מיר ניט אַלטקייט.

## צו מײַן יונגן פֿרײַנד נאָרמאַן

דײַנע לידער, נאָרמאַן,
פֿאַרוווּנדערן, צערודערן.
זאָג — ווער ביסטו מיט אַן אמת:
אַזוי יונג, אַזוי אַלט, אַזוי אומעטיק און
אַזוי טיף די הענט אין פֿינצטער פֿון
די קעשענעס אין ווינטער־מאַנטל?

דו האָסט פֿאַרלאָזן אונדזער זומערלאַנד
און אַרײַן אין פּאַראַיִזטן, ווײַסן ווינטער,
פֿאַרקנעפּלט זיך פֿון האַלדז ביז
אַריבער קני אַרונטער
און ציסט אַרײַן די ווינטער־לופֿט אין דײַנע לונגען.
איצט ביסטו ווי דער נאָדלבוים וואָס גרינט פֿאַרעקשנט
אינעם פֿראָסט אַלײניניק אויף אַ לאָנקע.

איך האָב מײַן מויל געעפֿנט ברייט כּדי
אַרײַנציִען דעם הויך פֿון ווינטער
וואָס דײַן בריוו האָט מיר געבראַכט.
איך בענק צו דעם
נאָר ניט צום לאַנד פֿון מײַן געבוירן.
איך בענק צו ברייטע פֿעלדער,
איך בענק צו וואַלד.

כ׳האָב מעשׂהלעך פֿאַנטאַסטישע אַמאָל געשפּונען
אין אַ שליטעלע מיט גלעקלעך
און שטילערהייט געווען מקנא
דעם אַלטן פֿריץ פֿון מײַן דאָרף
זײַן גרינע יאָלקע.

נאָר דער פרישער יאַלקע־ריח
האָט סײַ ווי געגערט מײַן בענקשאַפט
צו אַ ווײַסן ערגעץ,
צו אַ ווינטער־שיינקייט אַן דער שרעק
פֿאַר פֿויערים מיט דראַנגען און מיט העק.
איך דאַנק דיר, נאָרמאַן.
פֿאַרן ווינטער־גרוס
אַ דאַנק.

און דו, מײַן יונגער פֿרײַנד,
פֿון קעשענע חשכות
נעם די הענט דײַנע צום ווינטער־ליכט אַרויס —
צום אײַזיק־בלאָען, שנייִיק ווײַסן ווינטער־ליכט.
שפּיליע אויף דעם מאַנטל
און מיט דײַנע הענט די הוילע
נעם אַרײַן אַהין
אַ יונגע שטילע מיידעלע אַ ווילע
און צוזאַם
וויקלט זיך אין ווינטער־מאַנטל אײַן
וועט זײַן
וואַרעמקייט צו וואַרעמקייט,
מויל צו מויל
אַז צעגיין דער אײַז פֿון אײַער ביידנס אָטעם זאָל,
און זי וועט ווי אַ טײַבעלע
וואָרקען דיר אין בוזעם.
וואָרקען דיר אין בוזעם.
אַזוי גוט, נאָרמאַן.
אַזוי גוט.

## ריידן און שווײַגן

ריידן
ווי מען וואָלט מיט וואָרט
פֿאַרהעקלען זיך געוואָלט
אין לעבן

שווײַגן
קען אַזוי אַרײַנשווײַגן אין שטומקייט
נאָך דעם
ווערט דײַן אייגן קול דיר פֿרעמד

זאָגסט אַרויס אַ וואָרט
און זוכסט אַרום דעם זאָגער אין דײַן שטוב.

## וואָס זאָל איך טאָן מיט דיר

„וואָס זאָל איך טאָן מיט דיר
אַז לעבן קענסטו ניט
און שטאַרבן ווילסטו ניט
איז וואָס זשע זאָל איך טאָן
זאָג וואָס ?

שלײַכסט אַרום אין שײנעם הויז
ווי דו וואָלסט גלות אָפּגעריכט.
ווינקלסט פלעמלדיק
ווי אַ יאָרצײַט־ליכט.

און דאָך —
אַזאַ שײנקייט אַרום דיר.
אין דײַן בליק פאַראַן
אי שאַרם, אי דעליר
נאָר לאַכן קענסטו ניט
און שמייכלען טוסטו ניט
און לעבן קענסטו ניט
און שטאַרבן ווילסטו ניט
איז וואָס זשע זאָל איך טאָן מיט דיר
זאָג וואָס ?"

## שטוב־חיהלע

איך זע איר וווּנדערט,
איר באַוווּנדערט
מײַן חיהלע :
גוט טרענירט.

ווען פראָוואָצירט
גייט עס פון די כּלים ניט אַרויס.
עפּעס ווי אַ פרעמדער ווילן
צוימט דאָס בילן.

יאָ.
ס'איז אײַנגעשטילט.
געדולד און צײַט
וועט סוף־סוף
אײַננעמען דעם ווילד.

פון דעסטוועגן
וועל איך עצהן
ניט רייצן,
ניט וועקן דעם וואַלד
וואָס ליגט ערגעץ אין פּאַרטײַע.
ס'איז דאָך
אַ חיה.

אַפילו
בײַ דער בעסטער אויסשולונג
קען נאָך אַלץ
אַ שפּרונג טאָן וואַלדיק

און בײַסן
גוואַלדיק.

איך וואָרן אײַך.
היט זיך פון
טרעטן אויף די פיס,
קריכן אויפן קאָפּ,
שפּרינגען אין די אויגן
און ציִען פֿאַרן אויער.

אַ גלעט אַפילו
קען זײַן
גלעט־קאַפּויער...

כאָטש
פון הויך־אַריסטאָקראַטן־קלאַס
פּאָרט
אַ חיה —
מײַן כּעס.

## שפּיזל־אויגן

סאַ מורא מיר
צו עפענען אַ בוך מײַנס !

מײַנע לידער האָבן שפּיזל־אויגן
און זיי טוען ווייַ מיר.

וויי מיר —
פאַר וואָס טוען מײַנע לידער וויי מיר ?

איך האָב קיין מאָל מיט געוואַלד
זיי ניט גענומען.
זיי זײַנען דאָך אַליין צו מיר געקומען
אין קלאַנגען דינע, שטילע
וועקן מײַן האַלב־שלאָפעדיק שפּירן
און מיך
מיט האַלב פאַרמאַכטע אויגן
צו מײַן שרײַבטיש פירן
און מיט געאײַל מיך אונטערטרײַבן
איך זאָל זיי פאַרשרײַבן.

ערשט וואַכערהייט
דערזען כ׳האָב מיט יסורים
אַז וואָס איך האָב פאַרשריבן
רופט מען שירים.

הוי
מײַנע שפּיזל־אויגן שירים !

# מזל פון אַ ליגן

אַ ליגן נאָר אויף שלעכטס טאָן
האָט הנאה פון זיך

אַ ליגן פאַר באַרימערײַ
איז אַ פאַרפאָלגטער

אַ ליגן וואָס שטאַמט פון לאַנגווײַל
האָט רחמנות אויף זיך

אַ ליגן וואָס ווייסט גאָרניט וועגן זיך
האָט אַ געוויסן :
ס'וואַגט, ס'ציטערט, ס'טוקט זיך,
ס'שטאַמלט און
ליגנט
נעבעך ס'ווייסט ניט אַז ס'איז
אמת
אויב ניט באַלד
וועט עס ווערן שפּעטער.

צווישן אַזאַ ליגן און אמת
נאָר אַ קלייניקער קוים באַמערקטער ציטער

## געבורטן

איך טו זיך אַליין געבערן און
ווידערגעבערן.
אַלע מאָל
איך ווער געבוירן אין אַ הײַבל.
איך וואַקס אַרויס פון ענגן
און קום אָן אין געראַמען
און כ׳בין זיך אַליין מקבל־פּנים.

אין יעדן נײַעם הײַבל
בין איך אַנדערש.

אַלע פריִערע געבורטן
שאָטענען דערמאָנונג.
אַלע פריִערע געבורטן
שפּיגלען זיך אין נײַסטן.
זיי זײַנען אַ טראָפּעלע
איינס אין אַנדערן געראָטן...

מיט יעדן נײַגעבוירן
בין איך אַ טראָפּעלע קליגער.

ווען איך וועל ווערן גאָר קלוג
וועל איך קומען אָן אַ הײַבל
און איך וועל זײַן
ווי ערד,
ווי בוים
און אפשר
ווי אַ בלום.

# אַ צוויַיגל בעז

דערפרייט מיך ניט אַ צוויַיגל בעז
און האָב איך ניט הנאה פונעם עסן
האָב איך
גאַרניט

דערקוויקט מיך ניט מוזיק
און האָב איך ניט קיין ליבע
האָב איך
גאַרניטניט

האָב איך ניט קיין גלויבן
און האָב איך ניט קיין תּאווה
האָב איך
גאָר
גאַרניטניט

## באָדיל

דו עסט מיר אויס מײַן האַרץ, באָדיל,
נאָר מיר איז גוט דערפֿון.
ווי שיין דו ביסט, מײַן זיסינקע שוועדין.
שוועבסט פֿאַרבײַ מיר גרינג און דין
אַז אָט
איך אַליין וועל פֿליגל קריגן.

לאַכסטו
ביסטו שטיפֿעריש נאָר איידל,
באַלד איך שלינג דיך מיט די אויגן אײַן,
דו זעלטן מיידל.

איך אין דײַנע יאָרן
בין ניט יונג געווען.
כ׳האָב צווישן ציין געטראָגן
מײַן צעפּלאַטערטן געפֿיל.
געפֿלויגן איז מײַן חלום נאָר,
מײַן יונגינקע באָדיל.

פֿון יענער זײַט מײַן וואַנט —
סאַ וואַרעמקייט אַ זויבערע
אין אײַערן אַרומנעם:
הייך צו הייך,
דין צו דין
אין יִנגל־מיידל שפּיל,
הוגאָ און גאַזעל ווייכאויגיקע
באָדיל.

כ׳וואָלט דיך פֿאַרכּישופֿן געוואָלט
אַז פֿאַרענדערן
זאָל קיין זאַך ניט אין דיר
ווען סעזאָנען
וועלן קומען מאָנען
און שווערע שטורעם־צײַטן
זאָלן אין דיר גראַניט קענען בײַטן.

זאָל איך דיך פֿאַרכּישופֿן אין ליים,
זאָל איך ציזעלירן דיך אין שטיין?
אַ וועלכער כּישוף
וועט אויפֿהאַלטן אין דיר דאָס לאַכן דײַנס
וואָס גלעקלט און וואָס גלעטלט ביז דעליר?
ווי וועל איך אויפֿבאַהיטן
דעם פֿלאַטער פֿון דײַן ליבע־שפּיל,
דו שווערין שיינע
שכנה
מײַן באָדיל.

## שלאָפנדיקער שיינער פּנים

איך האָב געשמייכלט צו אַ שלאָפנדיקן פּנים,
אַ יונג שיין פּנים אין אַ ציכטיק בעט
אין שפּיטאָל.

כ׳האָב לאַנג געקוקט, געדאַנקט דעם צופאַל :
אַן אָפענע טיר צו אַ צימער —
אַ זויבערער צימער נאָר הויל
אַן אַ בלום בײַם בעט פון שלאָפנדיקן פּנים.

מאָרגן — זיכער
איך וועל איר בלומען ברענגען —
ווײַסינקע, צאַרטינקע בלימלעך
מיט אַ טראָפּעלע ראָז.

מאָרגן — כ׳וועל צוגיין —
אַ נאָענטע באַקענטע צום בעט,
איך וועל איר דערלאַנגען די בלומען,
אַ קאָפּ זיך פאַררייטלען און זאָגן :
שיינקייט צו שיינקייט, מײַן שיינע.
אָט אַזוי וועל איך זאָגן
מאָרגן
דעם שלאָפנדיקן פּנים אין בעט.

דאָס פּנים האָט זיך דורכגעוועקט,
צעעפנט גרויסע אויגן —
נאַקעטע צוויי נולן.
אַזעלכע נאַקעטע צוויי נולן.

## צו פרײַנד אין טרויער נאָך אַן אַלטער מאַמען

אַ טרייסט אײַך, מײַנע פרײַנד.

אַ נאַר איז דער וואָס מיינט
ער האָט פאַר אַלץ דאָס ריכטיק וואָרט.
נאַר דערמאָנען וויל איך אײַך :
אַ מאַמע
באַדאַרף אויכעט אַ מאָל רוען.
פאַרגינט איר —
פאַרגינט די רו איר, מײַנע ליבע.

שטייט אויף
און מיט שטילן שמייכל
פאַרווישט דעם טרויער
פונעם הויז.

## קעלערס און ביידעמער

מײַן פרײַנד — דער דיכטער טעד
איז געקומען זיך געזעגענען.
געקומען זאָגן מיר „שלום".
ער האָט ליב דאָס וואָרט, זאָגט ער מיט התפּעלות:
זאָגט מען נאָר שלום
באַדאַרף מען מער שוין גאָר ניט זאָגן.

„איך פאָר פון צײַט צו צײַט זיך זען מיט אַלטע טאַטע־מאַמע
וואָס ווילן אַלץ דאָס אַלטע הויז לעם באָסטאָן
ניט פאַרלאָזן.
אַ הויז אַ גרויס מיט צימערן אַ סך,
מיט קליינע פענצטערלעך,
אַ קעלער און אַ בוידעם
און סקריפּענדיקע טרעפּ.

גוט אין קעלער אָנצוטאַפּן
דעם אַלטן טיש דעם דעמבענעם,
אַ באַנק מיט גראָבע פיס געשניצטע
און גרויסע טעפּ טשוגונענע און פאַנען
וואָס די אַלטיטשקע
וויל זיך נאָך מיט דעם ניט שיידן.
זיי זײַנען, זאָגט זי,
אַ טייל פון איר לעביקייט,
איר פלינקע שוועביקייט ווען
מיט גרויסע הילצענע פאַלאָניקעס
זי האָט געמישט פּאָטראַווועס אין די טעפּ
און פריילעך איז געווען אַרומצוטאַנצן
אַרום מישפּחה און די אָפטע געסט.
דעריבער לאָזט זי ניט פון קעלער קיין זאַך רירן.

כ'נעם אויך דאָס קליינוואַרג מיט.
ס'ווערט דאָס הויז פאַרהילכט מיט זייער שרײַען
אין טויבע אויערן פון זיידע־באָבע.

באַלד זיי לאָזן זיך צום בוידעם לויפן,
עפענען די קופערטן מיט די ברייטע אײַזן־רייפן
און שלעסער גרויסע וואָס מע קען שוין ניט פאַרשליסן,
נאָר זאָל זיך דאַכטן זיי באַשיצן
עלטער־עלטער האָב און גוטס.

די מיידלעך —
זיי כאַפּן זיך צו אַלטע קליידער,
צו די קרינאָלינען ווו
דער פישביין שטאַרצט אַרויס פון צעלעכערטן בראָקאַט,
צו די שאַלן מיט די האַנט־געשטריקטע שפּיצן.
וואָס נאָר זיי זעען דאָרטן
שלעפּן זיי אויף זיך אַרויף.
אין די האָר פאַרשטעקן זיי זיך גרויסע קאַמען
און בראָשקעס פון פאַרשיידענע קאָלירן
און אוירינגען וואָס באַמבלען ביז
די אַקסלען זיי אַרונטער.
איינע כאַפּט אַ ווערעטענע מיטן נאָמען טעסי אײַנגעקריצט
און די צווייטע כאַפּט אַ הימען־ביכעלע
אין פאַרבלאַסטן שריפט.

די ייִנגלעך שלעפּן פון די קאַסטנס
שינעלן און מונדירן מיט גרויסע קנעפּ די מעשענע,
ציִען אָן אויף זיך די שטײַפע יעגער־הויזן
און שטיוול טרוקענע מיט שפּאָרן,
און אויף די אַקסלען הענגען אָן

שווערדן, שפּיזן, ביקסן אַלערליי —
כּלי־זיין פֿאַר מלחמה און געיעג,
און מיט רעוואָלווערן אין די הענט
זיי לאָזן זיך אַראָפּ און הייבן אויף
אַ כמאַרע שטויב פֿון קרעכצנדיקע טרעפּ.
זיידע, באָבע לאַכן,
ווישן זיך די אויגן
און שאָקלען מיט די קעפּ.

אַזוי פֿיל געשיכטע, טראַדיציע
אויף אַלטע ביידעמער!
און זאָלן קינדער וויסן פֿון וואַנען
זיי שטאַמען".

יאָ — האָב איך געזאָגט:
קינדער זײַנען ניט קיין רעטעכער.
קינדער האָבן וואָרצלען טיפֿע.

איך וועל אויך מײַן קליינוואַרג נעמען,
פֿירן זיי אין אַלטן הויז.
גוט וועט זײַן אין קעלער אָנצוטאַפּן
מײַן זיידנס שטענדער מיטן אָפּגעבראָכן פֿיסל,
אַ מצה־שטייסל,
קופּער־פֿאַנען וואָס ס'האָבן באָבעס, מומעס
אין זיי אײַנגעמאַכטס געפּרעגלט.
אויפֿן בוידעם שטייען שפּין־פֿאַרוועבטע טשעמאָדאַנעס
מיט גראָבע שטריק פֿאַרבונדן.
די מיידלעך מײַנע וועלן זיך אַ יאָג טאָן
צו דער עלטערבאָבעס זאַכן:
אַ ראָטאַנדע מיט שליאַמעס,

אַ טשיפּיק מיט אַ שטערן־טיכל,
אַ קרבן־מינחה, אַ שׂרה בת טובים תּחינה
און אפשר ליגט ערגעץ פֿאַרשטעקט אַ שנירל פּערל
וואָס געשאָנקען איר דער זיידע צו דער חתונה,
און אפשר אירע אוירינגלעך
וואָס זי צו ליכט־בענטשן פֿלעגט אָנטאָן.
אין די הענטלעך וועלן מײַנע מיידלעך נעמען
די לײַכטער זילבערנע נאָך מיטן חלב אין די רערן.

די ייִנגלעך וועלן כאַפּן זיך
צום עלטערזיידנס חפצים:
אַרײַנקריכן אין זײַן סויבלענעם טולופּ
וואָס אָנטאָן פֿלעגט דער זיידע ווען
ער איז צום „טשערנאָבילער" געפֿאָרן.
געפֿינען וועלן מײַנע ייִנגלעך דאָרט
אַ יאַרמלקע, אַן ארבע־כּנפֿות,
אַ קיטל און אַ טלית,
רבינו תּמס תּפֿילין,
ארץ־ישׂראל־ערד אַ זעקעלע,
אַ חנוכּה־לעמפּל און אַ טאַביק־פּושקעלע,
אַ קידוש בעכער און אַ תּהילימל,
אַ סאַמעט־מענטעלע פֿאַר דער „רייניקייט",
און אויך כּלי־זיין:
אַ שופֿר וואָס קען הימל שפּאַלטן
און אַ שיסערל — אַ בשׂמים־ביקסל.
יאָ. קינדער דאַרפֿן וויסן פֿון וואַנען
זיי שטאַמען.

און טעדי פֿרעגט:
ווּ איז דײַן אַלטע הויז,
דײַן קעלער און דײַן בוידעם?

און איך ענטפער ייִדישלעך —
אַ פראַגע אויף אַ פראַגע:
ווו איז
דאָס אַלטע הויז מײַן זיידנס?

# ווי דער וואָרצל

דו ביסט אויסגעוואַקסן
נאָר ניט אַרויס —
געוואַקסן

ביסט רײַף ווי
ערד איז
רוי
ווו
וואָרצל טיפֿט

ווי אַלע וואָרצלען
טיפֿסטו אין
שטאַקפֿינצטער

## נאָכן פײַער

זי איז געשטאַנען קעגן אים
שטיל, רויִק
אַן פאַרדראָס:

ביסט געקומען נאָכן פײַער.
זוכסט אַ סימן פון אַ טאָג אַ נעכטיקן
מיט פענצטער צו דער ליכט,
מיט טירן צו אַ תּענוג זעלטענעם,
מיט ווענט פון אָפּגעזונדער פּאַר
געלעכטער אונדזערן און
זיפצן אין עקסטאַטישן פאַרצאַפּל.

ביסט געקומען נאָכן פײַער.
זוכסט אַ סימן.

אַפילו אַ האָלאָוועשקע
רויכערט ניט און טשאַדעט ניט פון דעם.

אַ פײַער וואָס העלישט אַזוי
לאָזט גאָרניט איבער.
אַ העלישער פײַער אַזאַ
פאַרשלינגט אַלץ.
אַפילו דאָס אַש איז
ווײַס.

זי איז געשטאַנען קעגן אים
שטיל, רויִק, אַן פאַרדראָס.

# שפּאָט

דו האָסט געלאַכט
מײַנען זאָל
דו לאַכסט פֿון מיר
נאָר אין געלאַך
וואָס ווי אַ קרוג אַ ליימענער
ווען ס'פּאַלט אויף שטיין
האָב איך געהערט
דו לאַכסט פֿון זיך אַליין

ליבערשט כ'וואָלט
דו זאָלסט אָפּשפּעטן פֿון מיר

איצט אַפֿילו
טוט מיר ויי
אַזאַ ירידה זען אויף דיר

שווערער ווי אַ גראָבער שטיוול
וואָס אין בלינדקייט טרעט
און פֿינצטערער ווי שטאָק
איז שפּאָט
וואָס זיך אַליין פֿאַרשפּעט

# מיט אַ נאַר

קולטור —
וואָס טוט אַ נאַר מיט קולטור ?
וואָס טוט אַ קולטורעלער נאַר ?
מיט קולטור
ער קען חרוב מאַכן די וועלט.
און מאָדנע :
איך קען ניט קלוג זײַן
מיט אַ נאַר.
מיט אַ נאַר
בין איך נאָך נאַרישער
פון נאַר.
איך פאָרכט זיך פאַר אַ נאַר.
און איך ווייס ניט ווי אַזוי
ס'האָט זיך צוגעקלעפּט צו מיר
דער נאַר.

## גוט צו מיר

ג—ט
איז גוט צו מיר.
ער איז מײַן באַשיצער
און איך בין זײַן לעמעלע —
זײַן קלײנינקער תּם.
ער טוט זײַן אויג ניט אָפּ פון
זײַן שמײכלענדיקן תּם.

ג—ט
איז גוט צו מיר
איך בין פאַרזיכערט אין אים.
ער וועט מיך באַשירעמען ביז
כ׳וועל זאָגן :
גאָט,
גענוג.
דעמאָלט
וועט ער
אין אַ גוטער נאַכט,
בײַם סאַמע סוף פון
מײַן שענסטן חלום
מיך
אַוועקנעמען.
אַוועק —
נעמען.

ג—ט
איז גוט צו
זײַן שמײכלענדיקן תּם.

## אַזוי פּיל טוּונג

אַז איך גיי
מאַך איך אַ ווינטל.

אַז איך שווים
מאַך איך אַ שטורעם אין וואַסער.

אַז איך רייד
צערונצל איך די לופט אַרום מיר.

לאַך איך
צעוויג איך טענער.

וויין איך
פאַלן פּערל.

שלאָף איך
צערודער איך
גאַנצע נעסטן חלומות.

און איך אַליין
בין —
קוים וואָס
איך בין.

## ווּהין

איך בין
פון קליינעם ווּקס
און כ׳בין
דין.

אינעווייניק
בין איך אַ שיף
ברייט און טיף
אָנגעלאָדן מיט אַ משׂא
אומגעהײַער שווער.

מײַן פראַכט איז
„ליידיקייט״
פּוסטע ליידיקייט.

אַזוי פיל פּלאַץ באַדאַרף
די וויסטע ליידיקייט !...

ווּהין צי איך ?
בײַ וועלכן ברעג וועל איך אויסלאָדן ?

אָ, ניט עפן מיך
צו פרעמדע אויגן.

## גײַסט און חומר

דו זעסט אין מײַנע לידער לויטער חומר
און איך — אין אַלע חומרס זע אויך גײַסט.
מיר גלויבט זיך קוים, נאָר אויב חלילה טאָמער
דו זעסט אין מײַנע לידער לויטער חומר —
אַ־דאָ אַ ביסל זיך פֿאַרטראַכטן לאָמיר:
קען זײַן דערפֿאַר צו מיר דײַן דרך גרײַזט
זעסטו אין מײַנע לידער לויטער חומר
ווען איך אין אַלע חומרס זע אויך גײַסט.

## זאָלן מיר שוין אויפהערן

ס׳האָט געקלאָגט אַזוי
דער נביא דיכטער אָודן

„אפשר
האָבן מײַנע לידער
ניט געבראַכט קיין שאָדן,
נאָר מײַנע לידער —
אוי אַזוי פיל לידער
האָבן ניט געראַטעוועט,
אוי ניט געראַטעוועט
איין
אַפילו
איין ייִדן"

אמת, דיכטער אָודן.
אמת.
איז אפשר זאָלן מיר
שוין אויפהערן
צו לידן ?...

# אָטעם־ניגון

שטילקייט
האָט ניט קיין פורעם

שטילקייט
האָט אַן אָטעם
האָט אַ שטילקלאַנג —
דינקלאַנג

דינקלאַנג
שפּילט מיך דורך
מאַכט פורעם
מאַכט ליד

איז מיר ענג
אין פורעם
איז מיר קורץ דער אָטעם
אין מײַן ליד

## גן־עדן פויגל

ניט פון בוים און ניט פון צווײַג
נאָר גלײַך פון ערד —
פון דעם וואַזאָן אַרויס די בלעטער.
אַרײַנגעבויגן לעפלדיק אויף שטענגלעך
לאַנג און שמאָל
אָפּגעציילט זיי צוויי מאָל צען אין צאָל
נאָר איינס
אַ שטענגל אין דער מיט
ווי אַ מגילה שטײַף אין זיך אַרײַנגעוויקלט
וואַקסט דאָס בלעטערוואַרג אַריבער
ס'יאָגט
און טראָגט
אַ בשׂורה טובה :
ס'איז
מיט גן־עדן פויגל מעוברת.
שטאָלץ
סע טראָגט דאָס קנאָספּל אין דער הייך —
אַ בײַכעלע אַ לענגלעך, פול.

דאָס הײַטל דורכזיכטיק,
ווערט אויגנבליקיק דינער, דינער.
שוין שאַטירן
די קאָלירן
פונעם „גרויסגעשען".

די בלעטער אין דער נידער —
צוויי מנינים
מחותּנים
וואַרטן.

איך גיי צום פּאַטיאָ אַרויס.
כ'בין אַ קרובה גאָר אַ נאָענטע.
כ'בין פאַרבעטן.

איך זעץ זיך צו.
שפּיציק מײַנע עלנבויגנס אויפן טישל,
ביידע הענט
פעסט מײַן פּנים האַלטן אונטער.
אָט אַזוי וועל איך דאָ זיצן ביז
דעם „וווּנדער־ווערן" :
פאַר מײַנע אויגן וועט דאָס קנאָספּל
דאָס גן־עדן פייגעלע געבערן.

און אָט —
אין רעכטן אויג
איז עפּעס מיר אַרײַנגעפלויגן,
אויף אַ בראָכטייל פון אַ רגע
מיר פאַרמאַכט די אויגן.
אויף אַ בליצל־צײַט פאַרמאַכט די אויגן
און
פאַרשפּעטיקט...
ס'לויכט מיר שנעבלדיק אַנטקעגן
דער גן־עדן פויגל,
מאַיעסטעטיש טוט דאָס קעפּעלע זיך
עטוואָס בוקן —
„חבל.
זײַ מוחל —
מע טאָר אויף הייליקייט ניט קוקן..."

## ברוך־השם

געעפנט מײַנע אויגן אין דער פרי
און שטיל און פרום געזאָגט
„ברוך־השם"

איײַ אַ פרייד אַזאַ
צו עפענען די אויגן אין דער פרי —
כאַטש נעם
כאַטש נעם
און רײַס די הימלען איײַן
אַז מאָרגן אין דער פרי
אם־ירצה־השם
זאָל איך אויך די אויגן עפענען
און זען
דאָס ליכט
וואָס באַוויליקט האָט אונדז
אדושם
און איך זאָל ווידער זאָגן
שטיל און פרום
„ברוך־השם"
„ברוך־השם"

## שעפּעלע

שעפּעלע,
מײַן װײַס שעפּעלע,
צו װאָס האָסטו דאָס געדאַרפט ?
צו װאָס האָב איך דאָס געדאַרפט ?

מײנע אָרעמס אַרום דײַנע פּיסעלעך —
צוקנדיקע פיר פּיסעלעך,
מײַן לינקע באַק
אויף דײַן װײַס קעפּעלע, שעפּעלע —
מײַן שעפּעלע.

איך האָב ניט קײן לאָנקע
װו
דיך אַראָפּלאָזן.
איך האָב ניט קײן לאָנקע
װו
דיך אַרויפלאָזן.
איך האָב ניט קײן לאָנקע, מײַן **שעפּעלע.**

איך האָב ניט קײן לאָנקע.

# אינהאַלט

## לעצטער עפּל



## אין די בלאָע סטאַוון

## זעקס מאָל זעקס



## שעפעלע

## ביכער פון זעלבן מחבר:

**לידער**

לאָס אַנדזשעלעס, 1949

**מילד מײַן ווילד**

לאָס אַנדזשעלעס, 1958

**שאָטנס פון געדענקען**

„המנורה", תל־אביב, 1965

**בלעטער פאַלן ניט**

פאַרלאַג „ישראל־בוך", תל־אביב, 1972